

# דאס יונגעלע און זיין סאמאווארעלע

פון יעקב רייזפעדער

פארלאג „יונגע הערצעלעך.״

# דאס יונגעלע

# מיט זיין באמאווארל

פון יעקב רייפעדער.

נומר 3

װארשע 1920

זעצערײ ש. רעדליך װארשא נאװאליפיע 69

אמאָל איז געווען אַהערשער. האָט ער אַזוי לאַנג מלחמות געפירט מיט אַלע פעלקער, ווייערע לענדער איינצונעמען, ביז עס האָט אים שוין אָנגעהויבן אויספעלן ביקסן פאַר זיינע זעלנער און ס׳איז שוין נישט געווען מער אין לאַנד קיין מעש און בליי, פון וואָס צומאַכן קוילן.

האָט זיך דער הערשער דערשראָקן, ווייל איצט האָבן זיך אַלע פעלקער צוזאַמענגענומען און גערוקט זיך צו זיין לאַנד צו. אונטערגעבן זיך האָט אים נישט געפאַסט.

האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיין פאָלק, אַז אין דריי טעג זאָל יעדער צושטעלן אַלע בלייענע, קופערנע און מעשענע כּלים, וואָס געפינען זיך אין זיין הויז. און פאַר מורא האָט יעדער איינער נאָך אַליין געטראָגן די כּלים אַהין דאָרט, אין די ערטער, וואו מ'האָט זיי צונויפגע-זאַמלט.

האָט צווישן דעם אָרימען פאָלק געלעבט אַ יונגעלע אַ שטילס, אַ בעהנטס, מיט בלאָנדע הע-רעלעך און מיט בלויע, זעלטנס שיינע, קלוגע אוי-געלעך. איז עס געווען זייער אַ נייגיעריג יונגע-לע, וואָס האָט אַלץ אין דער וועלט געוואָלט וויסן, אויף יעדער זאַך פלעגט ער לאַנג קוקן און טראַכטן: וואוהין פליסט דאָס וואַסערל? וואו-הין שוועבן עס די וואָלקענדלעך אין די הייך? ווי אַזוי בויען זיך די פייגעלעך אַ נעסט? ווי אַזוי

וואַקסן די בלימעלעך אין פעלד און ווי אַזוי
ווערט געמאַכט דאָס ברויט, וואָס ער עסט יעדן
טאָג ?.. ער האָט אויך ליב געהאַט שטילערהייד
זיך צו צוהערן צו יעדן געשפּרעך צווישן דער־
וואַקסענע, און דערפאַר האָט אים קיינער נישט
געליטן, נאָר דאָס ערגסטע איז געווען מיט זיינע
מאָדנע קשיות:

פאַר וואָס גייען אַרום די קינדער אַזוי
אָפּגעריסן און באָרוועס אין דער קעלט, און יענע
דאָרט זענען אויסגעפּוצט אין פּאַלטאָלעך אין טייערע
הויזעלעך ?.. פאַר וועמען זענען די אַלע שיינע
ליאַלקעס, פערדעלעך און ביכעלעך, וואָס זענען
דאָ אַזויפיל אין די געוועלבער, וואָס די אָרימע
קינדער חלש'ן אַזוי נאָך זיי און קאָנען גאָרנישט
באַקומען ?.. צו וואָס זענען דאָ אָרימע און רייכע
אויף דער וועלט, פאַר וואָס זענען נישט בעסער

אַלע מענטשן גלייך...

און נאָך און נאָך קשיות...

האָט געהאַט דאָס יונגעלע אַ קליין מעשן שיין סאַמאָוואַרעלע, קונציג אויסגעאַרבעט, באַפּוצט מיט רייטע ווידענע בענדעלעך און פאַרביגע גע־קאַרפּטע פּאַפּירעלעך. וואָס די עלטערן האָבן אים אַ מתנה געקויפט צו זיין פינף יעריגן געבורטס־טאָג. דאָס איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק. איצט איז שוין דאָס יונגעלע אַלט געווען זיבן יאָר. אָבער דאָס סאַמאָוואַרעלע איז נאָך געווען שפּיגל־דיג־ניי. עס איז געשטאַנען ביים פענסטער אויף אַ ספּעציעל טישעלע און געלויכטן אַ קעגען דער זון, ווי עס וואָלט געווען פון גאָלד. אַזוי האָט דאָס יונגעלע שטענדיג עס געפּוצט און גערייניגט. דאָס איז געווען זיין בעסט שפּילצייג פון אַלע שיינע זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט.

און ער פלעגט ליב האָבן צו פאַנטאַזירן, ווי אָט קומען צו אים זײַנע חברים׳לעך און דאָס סאַמאָוואַרעלע זידט. אַז עס זעצט דערפון אַ פּאַרע, און ער גיסט זיי אָן טיי פון זיין אייגן סאַמאָ־וואַרעלע אין זיינע אייגענע טעפּעלעך, און זיי טרינקען און קווען: אָט זענען זיי שוין אויך גרויסע...

אַזוי האָט זיך דאָס יונגעלע געשפּיגלט אין זיין סאַמאָוואַרעלע און געהיטן עס, ווי אַן אויג אין קאָפּ...

אין יענע טעג, ווען מ׳האָט געזאַמעלט אין גאַנצן לאַנד דאָס קופּער און מעש פון אַלע היי־זער, האָט זיך דאָס יונגעלע שטיל און טרויעריג צוגעהערט צו די געשפּרעכן פון די גרויסע, אויף וואָס די כּלים וועלן פאַרנוצט ווערן. און ער איז שפּעטער אַרומגעגאַנגען מיט טרערן אין די אויגע־

לעך און געשוויגן מיט אַ פאַרקלעמט הערצל...

ער האָט געטראַכט וועגן זיין טאַטעשי, וואָס איז שוין געהאַט ערגעץ-וואו געהרג׳עט געוואָרן אין דער מלחמה. ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט אים אַזוי געקישט און שוין מער נישט צוריקגעקומען.

—פאַר וואָס?—האָט דאָס פאַרטרויערטע יונ-געלע געטראַכט- וועמען האָט ער דען שלעכטס גע-געטון?.. ער איז דאָך געווען אַזאַ גוטער טאַ-טעשי...

און אַז די מוטער זיינע האָט צומאָרגנס צו-נויפגענומען אַלע כלים פון שטיב, אַוועקצוטראָגן זיי, האָט זי אויך אַ בליק געוואָרפן אויף זיין סאַ-מאָוואַרעלע און ס׳האָט איר אָנגעכאַפּט אַ רחמנות אויף איר קינד... זי האָט גוט געוואוסט, ווי טיי-ער דאָס סאַמאָוואַרעלע איז ביי איר קינד, ווי אומגליקליך זי וועט אים מאַכן, אַז זי וועט עס

**ביי** אים צונעמען. אָבער איבערלאָזן עס, קאָן זי ניט, ווייל טאָמער געפינט מען עס שפּעטער ביי איר, וועט זי האָבן דערפאַר אַ שווערע שטראָף. דער הערשער איז אַ בייזער, און זיינע היטער האָבן קיין פינק רחמנות נישט אין די הערצער.

האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צונעמען דאָס סאַמאָוואַרעלע. אָבער דאָ האָט דאָס יונגעלע זיך ראַש אַ וואָרף געטון דערצו, פעסט אַרומגע-כאַפּט עס מיט ביידע הענט און גענומען שרייען, ווי נישט מיט זיין קול'כל:

— ניין!!.. ניין!! ניין!!.. איך וועל נישט לאָזן נעמען מיין סאַמאָוואַרעלע!... איך וועל נישט לאָזן!!..

און ער האָט גענומען טופּן מיט די פיסלעך און וואַרפן זיך, ווי אין קאָנוואולסיע.

האָט די מוטער רחמנות באַקומען אויף איר איינציג קינד און איס דאָס כּאַמאָוואַרעלע איבער־געלאָזן.

— באַהאַלט עס כאָטש אַז מ׳זאָל עס נישט געפינען; האָט זי איס געבעטן.

האָט דאָס יונגעלע באַהאַלטן זיין טייער סאַמאָוואַרעלע אויף אַ גוט און זיכער אָרט. אָבער ער פלעגט עס פון צייט צו צייט אַ פּערנעמען פון דאָרט, ווען עס האָט איס אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקער חשק זיך צושפּילן דערמיט.

זענען איינמאָל געגאַנגען די היטער פון שטאָדט איבער אַלע הייזער, נאָכצוזוכן אויב עס זענען נישט געבליבן נאָך ערגעץ־וואו קיין כּלים, וואָס מ׳האָט נישט מיט גוטן אָפּגעגעבן.

זענען זיי אַריינגעקומען אומגעריכט צו יע־נעם יונגעלע אין הויז און געטראָפן איס גראָד

שפילן זיך ביים פענסטער מיט זיין מעשן סאַמאָ-וואַרעלע.

—העי, שלעכט יונגעל דו! — האָבן זיי זיך צעשריגן אויף אים—מיט מעש שפּילכטו זיך גאָר!..
דו קאָנסט זיך שפּילן מיט די בלויזע פּאַפּיר־עך אויך און דיין כאַמאָװאַרל קאָן צונוצקומען אויף וויכטיגערע זאַכן... אַהער גיב עס גיך!

אָבער דאָס יונגעלע האָט מיט אַן איינגעווייג-ליכן כח אַר מגעכאַפּט דאָס סאַמאָוואַרעלע און גע-בעטן זיך ביי די דערצאָרנטע היטער:

—האָץ רחמנות, נעמין ניש' צו ביי מיר דאָס סאַמאָוואַרעלע!..

— דו קאָנסט זיך שפּילן מיט עפּעס אַנ-דערש!—האָבן געשריגן די פּאָליציי-לייט.

—איך קאָן זיך אינגאַנצן נישט שפּילן אויך—האָט געוויינט דאָס יונגעלע—אָבער דאָס סאַמאָוואַ-

רעלע וויל איך נישט אַוועקגעבן... איך ווייס שוין פאַר וואָס!...

און דאָס יונגעלע האָט זיך שרעקליך צע-וויינט, אַז די פּאָליציי-לייט זענען אַזוי גערירט געוואָרן.

—פּאַרפּאַלן אָבער, יונגעלע — האָבן זיי אים געגלעט איבערן קעפּעלע — מיר קאָנען דיר גאָר נישט העלפן, דער הערשער האָט געהייסן צושטעלן דאָס גאַנצע קינדער אין מעש, וואָס געפינט זיך נאָך אין לאַנד...

— טאָ פירט מיך צום הערשער — האָט זיך דאָס יונגעלע אַרויסגעכאַפּט—איך וועל ביי אים בעטן, ער זאָל נישט הייסן ביי מיר צונעמען מיין סאַמאָוואַרעלע.

האָבן די פּאָליציי-לייט אַ שמייכל געטון און איף טשיקאַוועס אים אָפּגעפירט צו זייער עלטסטן

און אים דערציילט דעם יונגעלעס בקשה. האָט יע-
נער האַרציג געלאַכט און אים אָפּגעשיקט צו אַ
העכערן פון אים, ביז דאָס יונגעלע איז אָנגעקו-
מען צום הערשער.

האָט זיין דער הערשער פריער געוויאוסט,
וועגן וואָס דאָס יונגעלע איז געקומען צו אים
בעטן, האָט ער צו אים געזאָגט שמייכלענדיג:

— וואָס דאַרפסטו עס אַזוי, יונגעלע, דאָס סאַ-
מאָוואַרל? איך וועל הייסן, אַז מ׳זאָל דיר דערפאַר
געבן אַנדערע שפּילצייג, נאָך שענערע פון דעם
סאַמאָוואַרל.

— איך דאַרף ניש׳ קיין שפּילצייג — האָט
דאָס יונגעלע געענטפערט — איך קאָן זיך באַגיין
אָן שפּילן זיך...

— נאָר פאַר וואָס דען ווילסטו נישט אַוועק-
געבן דאָס סאַמאָוואַרל? — האָט דער הערשער גע-

פרעגט פאַראינטערעסירט.

דאָ האָט זיך דאָס יונגעלע שטאַרק צעוויינט און מיט אַ פאַרשטיקטן קול'כל אַרויסגערעדט:

— ווייל איך וויל ניט, אַז פון מיין סאַמאָוואַרעלע זאָל מען מאַכן קוילן, און דורך זיי זאָל ווערן אַ טאַטעשי געהרג׳עט ווערן, אַט אַזוי ווי מיין טאַטעשי איז געהרג׳עט געוואָרן...

און דאָס יונגעלע האָט זיך נאָך ביטערער צעוויינט.

דער הערטער האָט אַ ציטער געטון פון דעם יונגעלעס יוערטער, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פאַרטראַכט... דאַן האָט ער גענומען דאָס קינד אויף דער שויס און הייס עס גענומען קושן:

— דו טייער, קלוג יונגעלע! ניין, מ׳וועט דיר דיין סאַמאָוואַרעלע ניט צונעמען...

דער סוף איז געווען זייער אַ גוטער. צוליב

די ווערטער פון דעם דאָזיגן יונגעלע, וואָס האָבן דעם הערשער אַזוי טיף גערירט, האָט ער נאָך דעם זעלבן טאָג אַ באַפעל געגעבן, אַז מ'זאָל יעדן צוריקגעבן די כלים, וואָס מ'האָט ביי אים צוגענומען. זיי זענען שוין איצט נישט נייטיג געווען, ווייל דער הערשער האָט זיך איצט צום ערשטן מאָל אַרומגעזען, אַז עס ווערט שוין טאַקי צופיל בלוט פאַרגאָסן און עס מעג שוין נעמען אַ סוף צו דער מלחמה...



